Rok I. Kraków, 7 maj 1909 — קראקא, ט"ו אייר תרס"ט. Nr 17




Żydowska gazeta illustrowana

Wychodzi każdego piątku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. — 5 Rbs. Półrocznie 5 K. — 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.



Jüdische Illustrierte Zeitung

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראנען — 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען — 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, — 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער — 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7 50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדזקאסטע 62. טעלעפאן נ' 412.

קאָנטא נ' 57,341. פאָסטשפארקאסען־קאנטא נ' 57,341 . עסטערר

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נ' 12 פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נ' 16.

# איבערקעהרעניש אין דער טירקיי.

איבערקעהרעניש אין דער טירקיי: די קלעריקאלע גייסטליכע ערשיינען ביים לאגער פון די יונגטירקען, בעטענדיג מען זאָל זיי לאָזען לעבען.

# גראטיס־ביילאגע: „די הבדלה" נ' 1.

# איבערקעהרעניש אין דער טירקיי.

פרינץ רעשאד עפענדי איז זייט א וואך סולטאן און אלע מעכטע האבען איהם שוין אנערקאנט.

אבדול־האמיד, וועלכער האט דורך 33 יאהר בע־הערשט די טירקיי, זיצט איצט געפאנגען אין סאלאניק, וואוהין די יונגטירקען האבען איהם איבערגעפיהרט, מורא האבענדיג איהם צו לאזען אין קאנסטאנטינאפעל, טאמער וועט ער דארט מאכען א נייע פערשווערונג.

דער נייער סולטאן איז שוין פייטאג ארויסגע־פאהרען צום סעלאמיק, בעגריסט פון דער בעפעלקערונג.

די יונגטירקען זענען ווידער די הערען אים לאנד און די רעאקציאנערע קרייזע בעהאלטען זיך אין די לעכער.

אט דאס איז דאס רעזולטאט פון דער איבער־קעהרעניש אין דער טירקיי.

אין קוים צוויי וואכען איז עס די יונגטירקען גע־לונגען, צו בעווייזען, אז זיי זענען שטארק גענוג, נישט ארויסצולאזען די ממשלה פון זייערע הענד. עס איז צו ערווארטען, אז איצט וועלען שוין די רעאקציאנערען א צייט לאנג נישט וואגען, ווייטער צו אינטריגירען.

דאס ערעלע האט זיך איבערגעדרעהט. פרינץ רעשאד, וועלכער איז דורך 30 יאהר געזעסען ווי א גע־



איבערקעהרעניש אין דער טירקיי: דער נייער קרא:פרינץ יוסוף איזעדין.

פאנגענער אין זיין שלאס דאלמא־באגטשע, זיצט אויף דעם סולטאנס־שטוהל אלס מוהאמעד V. און אבדול־האמיד, זיין ברודער זיצט געפאנגען אין סאלאניק.

דורך 33 יאהר האט ער זיך געהאלטען אויף דעם טהראן אין די שווערינסטע סיטואציעס. אלע אינטריגעס פון די פרעמדע מעכטע האבען זיין שטעלונג נישט ער־שיטערט. איצט איז ער געפאלען אלס אפפער פון זיינע איינענע אינטריגעס און די וועלט בעוויצט איין טיראנישען, פינסטערען הערשער ווייניגער.

דער נייער סולטאן ווערד געשילדערט אלס רוהיגער. ערנסטער און ציעמליך געלעהרטער מענש. חאטשי ער איז דורך 30 יאהר געוועזען אפגעשלאסען פון דער וועלט. זענען איהם אלע ערא־ייגניסע נישט פרעמד און די יונג־טירקען ערווארטען, אז ער וועט זיין א נוטער הערשער.

פון אנדערער זייט איז מען אבער מוריע, אז דער טהראנוועכסעל איז נאר א פראוויזאר־ישער. די יונגטירקען האבען געמוזט יעשאדין ארויפזעצען אויף דעם שטוהל. ווייל לויט דעם טירקישען דינאסטישען געזעץ קומט תמיד די קרוין דעם עלטעסטען מיטגליעד פון דער קאיזערליכען פאמיליע. איצט אבער ווילען זיי ענדערן דאס געזעץ איבער דער טהראנפאלגע אזוי אז זיי וועלען קענען ארויפזעצען אויף דער שטוהל וועלכען פרינץ עס וועט זיי פאסען.

אין קאנסטאנטינאפעל איז שוין אלס רוהיג. נאר



איבערקעהרעניש אין דער טירקיי: דער נייער סולטאן מוהאמעד V. פאהרט צום ערשטען „סעלאמיק".

פון אזיען קומען ידיעות פון „פאנראמס" קעגען קריסטען און ארמענער.

די נאבריכטען, אז פרינץ סאבאה עדין זאמעלט אין אנאטאליען א ארמעע קעגען די יונגטירקען, האבען זיך ארויסגעוויזען אלס פאלש.

דער נייער סולטאן האט נישט אנגענומען די דער מיסיע פון מיניסטעריום. טעוופיק באשא בלייבט ווייטער גרויס־וועזיער. נאר די מיניסטער פון קריעג, מארינע און איגנערע ענינים וועלען זיין נייע מענער.

די פייערליכע צערעמאניע פון דער טהראנבעשטיי־גונג, דאס איז ווען מען נארטעלט אן דעם סולטאן דאס שווערד פונ'ם הייליגען אמאר, וועט שטאטפינדען קו־מענדען שבת.

* * *

איבער די איבערפיהרונג פונ'ם געוועזענעם סולטאן אבדול־האמיד קיין סאלאניק ווערד געמעלדעט: ביי נאכט זייגער 1 מיט 30 מינוט זענען צום וואקזאל אין סטאמ־בול צוגעפאהרען 2 הויף־קא־עטען, דער ערשטער איז ארויסגעגאנגען מיט 2 יונגע זיהן דער געוועזענער סולטאן, וועלכער איז געוועזען אנגעטהון אין א גרויען ציווילען קאסטיום מיט א ווייסען וועסט, און א טונקעלעם פאלטען און א פעז אויפ'ן קאפ. די בארד פונ'ם סולטאן איז כמעט אינגאנצען ווייס. דאס געזיכט זעהט אוים זעהר אויסגעמאטערט ווי געוועהנליך, נאר רוהיג. א טויטע שטילקייט האט בעגלייטעט דעם פערטריבענעם, נאר ווען ער האט אויפגעהויבען די האנד צום שטערן, האבען איהם די אפיציערען אפגעגעבען מיט דעמזעלבען גרוס. צו־געהענדיג צום סאלאן־וואגאן, האט דער סולטאן געהאלפען ארויפזעצען 11 עלעגאנט־געקלײדטע יונגע דאמען מיט דורכזיכטיגע שלייערן, וועלכע האבען אויסגעזעהען צו זיין זעהר צופריעדען מיט דעם אונערוואַרטעטען שפאציער. אבדול האמיד האט זיך געזעגענט מיט בעפרייען [?] און וואסער און איז צום ערשטען מאל אין זיין לעבען אריינגעטרעטען אין באהן־וואגאן. דער צוג האט זיך לאנג־זאם געריהרט פון ארט אונטער אויסגעשרייען פון די דער־שראקענע דאמען, וועלכע האבען ארויסגעקוקט פון די פארהאנגען.

דער פיהרער פונ'ם צוג האט בעקומען דעם בעפעהל, זיך אויף דעם גאנצען וועג נישט אפצושטעלען.

דעם אנדערן טאג נעגען 10 א זייגער אבענד איז דער צוג אנגעקומען קיין סאלאניק. קיין מענש האט פריהער דאפון נישט געוואוסט. נאר עטליכע אפיציערע האבען אפגעווארטעט זייער פריהערדיגען הערשער און איהם אפגעפיהרט אין א ווילא, וואס ליעגט נעבען ים. די דיעזע ווילא איז בעשטימט פאר זיין אויפענטהאלט. אבער די יונגטירקען האבען די מחשבה, זי ארומצוצוינגלען מיט א 5 מעטער הויכער מויער. כדי דער סולטאן זאל קענען שטעהען אונטער שטענדיגער בעוואכונג.



איבערקעהרעניש אין דער טירקיי: טירקישע בירגער זיצען פאר א קאפעהויז און בעשפרעכען די לעצטע ערא־ייגניסע.

אַבדול־האַמיד איז רוהיג און שטיל. ער האָט זיך אויפֿגעהערט צו פֿאַרבען די האר און זעהט איצט אויס גאַנץ אלט און צעבראָכען. פֿון זיינער 300 פֿרויען האט ער זיך בלויז 11 מיטגענומען, די איבריגע זענען געבליבען אין קאָנסטאנטינאָפּעל.

ער איז אבגעפֿאהרען פֿון זיין פּאלאַסט אהן אַ פּרוטה. דאס יונג־טירקישע קאָמיטע האט אהם אין א באַנק פֿון סאלאניק געגעבען א קרעדיט פֿון 1000 טירקישע פֿונט. ער זאל דערווייל האבען פֿון וואס צו לעבען.

דער נייער סולטאַן רעשאַד האט פֿיער קינדער: דריי זוהן און איין טאָכטער. זיין עלטסטער זוהן ויא־עדין עפֿענדי איז איצט אַלט 3? יאָהר. אָבער קיינער פֿון זיי קען נישט בעשטימט ווערען אַלס טהראָנפֿאָלגער, ווייל אין דעם סולטאַנ'ס פֿאַמיליע נעמען זיך עלטערע פֿון זיי, און לויט'ן מנהג ווערט בעשטימט פֿאַר טהראָן־פֿאָלגער דער עלטסטער פּרינץ.

דער עלטסטער פּרינץ אין דער קאַיזערליכער טערקישער פֿאַמיליע איז איצט דער פּרינץ יוזוף־איזעדין, דער זוהן פֿון סולטאַן אבד ל־אַזיס. ער איז איצט אַלט 52 יאָהר.

יוזוף־איזעדין בעזיצט בעזונדערע מיליטערישע פֿע־היגקייטען און זיין גאַנץ לעבען האט ער פֿערבראַכט אין מיליטערישען שטודיום.

דאַרף מען פֿאָלגען יעדענפֿאַלס. ווען אפילו ער זאל זיין איגוויסער, אומגערעכט און פֿול מיט זינד. נור אויב קענען אזא הערשער וועט אויפֿשטעהן א בעל־כח, דאַרף מען וואַרטען, ווער פֿון זיי וועט מנצח זיין, און ווער עס וועט גובר זיין, יענעס זאל מען אננעהמען פֿאַר דעם נע־

א עהרענגעשענק פֿונ'ם קאַיזער: די שטאַטוען־אַליעע פֿאַר'ן שלאָס הערענבורג.

דעריבער, פֿערשטעהט זיך, איז מעגליך געווען פֿאַר די יונג־טירקען צו פֿאַרער'ן פֿון דעם שייך־אול־איסלאַם א פֿעטווע, ד. ה. א בעפֿעהל וועגען דעם, צי קען לויט דעם „הייליגען געזעץ" בלייבען אויפ'ן טראָהן דער הערשער, וואס האט אַרויסגעוויזען אועלכע און אַזעלכע מדות. דורך אַזאַ פֿעטווע האט מען אַראָבגעזעצט דעם פֿריהער־דיגען סולטאַן אַבדול־אַזיס'ן (דעם איצטיגען סולטאַנ'ס פֿעטער) אין יאהר 1876. דערמילט האבען יענע, וואס האבען געמאַכט די איבערקעהרעניש אין הויף, געשטעלט דעם שאַך־אול־איסלאַם אזא פֿראַגע: אויב דער הערשער פֿון די „גלויבענדע" האט אויף אַזוי פיעל פֿערלוירען זיין רעה, אז ער קען די מלוכה, וואס איז איהם אנגעטרויט געוואָרען פֿון גאָט, הרוב מאכען דורך זיין אונזיניגען פֿער־שווענדען געלד און דורך זיינע תאוות, און אויב אַזאַ לאַגע זאל זיך ציהען ווייטער, קען עס שטעלען אין געפֿאַהר די הייליגע רעכט פֿון דער נאַציע — צי מעג מען אזא מענשען איבערלאָזען בראש דער פֿערוואַלטונג, אדער מען דאַרף איהם דערוויטערן?" אין דער פֿעטווע האט זיך געזאגט: „מען דאַרף ביי איהם אבנעמען די מאַכט". און מיט געוועהר אין די הענד האט מען עס מקים געוועזן.

איצט האט מען פֿארנעלעגט דער שייך־אול־איס־לאַם אַ עהנליכע פֿראַגע, און ער האט געענטפֿערט אַז מען מעג איהם ערוויטערן. תיכף דאַרויף האט מען אַבדול־האַמיד'ן אבגעזעצט.

לויט די נייעסטע ידיעות פֿון קאָנסטאַנטינאָפּעל זענען די יונג־טירקען נישט צופֿריעדען מיט דעם איצטיגען מיניסטעריום, און זיי פֿערלאַנגען, עס זאל ערנאַנט ווערען א ניי קאַבינעט בעשטעהענד פֿון לויטער יונג־טירקישע פּערזאָנען־מענער. אין דעם נייעם קאַבינעט זאלען אויך אריינקומען צוויי יודישע מיניסטער.

דער נייער סולטאַן האט שוין ארויסגעגעבען זיין ערשטעס מאַניפֿעסט, אין וועלכען ער פֿערשפּרעכט אפּ־צוהיטען די קאָנסטיטוציע און צו שטרעבען, עס זאלען

איבערקעהרעניש אין דער טירקיי: דער מהראָנזאַאַל אינ'ם פּאַלאַסט דאלמא־באַגטשע.

די אבזעצונג פֿונ'ם סולטאַן האט ווידער אויפֿגע־לעבט די פֿראַגע, אויב מען דאַרף לויט דעם „קאָראַן", דער מיהאַמעדאנישען תורה, איבערהויפּט אבזעצען אַ סולטאַן פֿונ'ם טהראָן. די גרעסטע מפרשים פֿון „שאַריאַט", פֿון דעם הייליגען געזעץ, זאגען אז וועגען דער פֿראַגע בנוגע צו די בעציהונגען פֿון סולטאַן צום פֿאלק זענען דא צוויי מיינונגען פֿון די צוויי גרעסטע מאַהמעדאַנישע יוריסטען — מאַווערדי און איבן־דעשאַם. מאַווערדי האַלט, אַז דער סולטאַן איז אַ פֿאָלקס־אויסגעוועהלטער, און דעריבער בעשטימט ער, וואס פֿאַר א מעלות און מדות ס'דאַרפֿען זיך געפֿינען ביי דעם אויסדערוועהלטען, ווי אויך ביי זיינע וועהלער. אויסרעכענענדיג די התחיבות פֿון סולטאַן, זאגט מאַווערדי בפירוש: „אויב ער ערפֿילט זיינע התחיבות, דאַרף דאס פֿאלק איהם פֿאָלגען און העלפֿען אין אַל'ן. אויב אבער ער ערפֿילט עס נִיט, פֿערליערט ער דאס רעכט צו זיין א הערשער. ער ווערט אוים סולטאַן, און אויף זיין אָרט ווערט אויסגעקליבען אַן אַנדערער". איבן־דעשאם האלט אבער, אז דעם סולטאַן, וואס הערשט

ווערליכען הערשער. די אולעמעס (גייסטליכע) פֿון קאָנ־סטאַנטינאָפּעל האלטען דער רוב פֿון מאַווערדי'ס דעה.

איבערקעהרעניש אין דער טירקיי: דער פּאַלאַסט דאָלמאַ־באַגטשע, אין וועלכען דער נייער סולטאַן וועט וואהנען.



א עהרענגעשענק פונ'ם קאיזער: דאס שלאס העלדענבורג, וועלכעס דער קאיזער האט געשענקט דער ארמעע.

אין דער טירקיי העררשען פרייהייט און גערעכטיגקייט. ער בעדויערט די מעצעלייען נעגען די קריסטען, וואס קומען פאר אין קליינאזיען און פאדערט אויף די רע־גירונג, די שטרענגסטע שריטע צו טהון, כדי די מעצע־לייען זאלען אויפהערען.

דאס מאניפעסט האט אין קאנסטאנטינאפעל גע־מאכט זעהר א גוטען איינדרוק.

אבדול האמיר ווערד אין דער ווילא „אללאטיני" ביי סאלאניק שטרענג בעוואכט. מען וועט איהם דאר־ט אויפבויען א מאשעע (א טירקישע קירכע) כדי ער זאל האבען אלסדינג וואס ער ברויכט און זאל נישט ברויכען די ווילא צו פערלאזען. פון אנדערער זייט איז מען מוריע, אז די יונגטירקען וועלען מיט איהם אויך אין סאלאניק נישט זיכער און ווילען איהם איבערפיהרען קיין מאנאסטיר.

די ווילא „אלאטיני", אין וועלכער דער סולטאן זיצט געפאנגען, איז אייגענטהום פון א יודיש־איטאליע־נישער פאמיליע אלאטיני.

איין זוהן פון דער משפחה, מיטאייגענטהימער פון דער ווילא איז א איידעם פון, דעם פערשטארבענעם יודישען רייכסראטהס־אבגעארדנעטען דר. ארנאלד ראפאפארט עדלער פון פארארא.

א שפעציעלע קאמיסיע בעשטעהענד אויס מיט־גליעדער פונ'ם פארלאמענט און עטליכע אפיציערע, האט נאך לענגערעס זוכען געפונען דעם עקס־סולטאנס אבדול האמיד'ס פריוואט פערמעגען, פערגראבען אין גארטען פונ'ם אילדיז־קיאסק. עס בעשטעהט אויס עטליכע מיליאן טירקישע פפונד אין ווערטה־פאפיערען, טשעקס אויף אייראפעאישע באנקהייזער, גאלד און דיאמאנטען אים ווערטה פון 15 מיליאן פראנקס. חוץ לזה האט דער סולטאן אין אייראפעאישע באנקהייזער אונגעהייערע געלד־סומען אנגעזאמעלט.

דאס גאנצע פערמעגען וועט קאנפיסצירט ווערען.

פון אויען קומען כסדר אן ידיעות וועגען אויס־שרייטונגען נעגען קריסטען, און ס'איז מעגליך, אז די אייראפעאישע מעכטע וועלען זיך מוזען איינמישען, די איבערקעהרענישען אין דער טירקיי וועלען אפשר נאך ברענגען צו נייע פערוויקלונגען.



# א וויכטיגע ערפינדונג.

אין די קליניקען, וואו די מעדיצין־סטודענטען שטודירען די חירורגישע וויסענשאפט, זענען ביז איצט פאראנגען געווען פיעל שוויעריגקייטען פאר די סטודענ־טען און פאר די פאציענטען.

כדי די חירורגיע גרינדליך צו ערלערנען, איז עס נויטהיג, אז די סטודענטען זאלען שטעהען ראבוי און גוט אכטונג־געבען אויף יעדען האנדגריף און יעדע בעוועגונג פונ'ם אפעראטאר כדי צו וויסען, ווי אזוי זיך אין וועלכע פעלע נוהג צו זיין.

דער חירורג אבער, וועלכער מאכט די אפעראציע, איז דורך דעם ארומשטעהען פון די סטודענטען אין זיין בעוועגונגספרייהייט געהינדערט. עס איז פאראנען די געפאהר, אז די סטודענטען זאלען זיך נישט אנשטעקען פון דער קראנקהייט, אדער או די קראנקע פערזאן זאל נישט געשעדיגט ווערען דורך דעם שטויב וואס ענט־שטעהט אין א צימער וואו פיעל מענשען בעוועגען זיך. דער שטויב קען זיך פעסטזעצען אין דער וואונדע און פערשווערען די היילונג.

כדי אלע דיעזע זאכען צו פערמיידען, האט א יונגער ארצט ערפונדען א וויכטיג מיטעל. ער האט נעמ־ליך קאנסטרואירט אזא מין שפיעגעל, וועלכער הענגט אין אפעראציאנס־צימער גראדע איבער'ן אפעראציאנס־טיש און גיבט א נעגויעם ווידערשיין פון אלעס, וואס געהט פאר ביי דער אפעראציע אין צווייטען צימ־מער.

די סטודענטען שטעהען אלזא אין א בעזונדער צימער און קוקענדיג ארויף צו דער סטעליע זעהען זיי גאנץ גענוי אויך די קלענסטע בעוועגונג פונ'ם אפערא־טאר, גלייך ווי זיי וואלטען געשטאנען אין זיין זייט.

אויב דיעזע ערפינדונג וועט זיך ארויסווייזען פראק־טיש, וועט דאס זיין א וואהלטהאט פאר די סטודענטען, פאר'ן אפעראטאר און פאר'ן קראנקען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א ארי־גינעל בילד, פארשטעלענדיג ווי אזוי דיעזע ערפינדונג זעהט אויס אין דער פראקסיס.

# א עהרענגעשענק פונ'ם קאיזער.

מיט עטליכע טעג צוריק איז ערשיענען א ארמעע־בעפעהל פונ'ם קאיזער, אין וועלכען זיינע מאיעסטעט גיבט בעקאנט, אז ער שענקט דאס שלאס העלדענבורג אין וועטצדארף (ניעדער עסטערייך) דער עסטערייכיש־אונ־גארישען ארמעע אלס עהרענגעשענק.

די העלדענבורג איז געבויט געווארען אין די פופ־ציגער יאהרען פונ'ם 19־טען יאהרהונדערט דורך דעם מיליטער־ליעפעראנט נאטאניעל יאזעף פארקפריעדער, וועלכער האט דארט געלאזט אויפשטעלען איבער 200 גרויסע שטאנדבילדער פון עסטערייכישע קאיזער, גענע־ראלע, פעלדמארשאלע עטצ.

אים יאהר 1852 איז דארט בעגראבען געווארען דער פעלדמארשאל ווימפפען, דער אדיוטאנט פונ'ם בער־יהמטען פעלדמארשאל גראף ראדעצקי. ווען ראד־עצקי איז געשטארבען אים יאהר 1858, האט ער פאר'ן טוידט אויסגעדריקט זיין וואונש, מען זאל איהם בעהאלטען נעבען זיין פריינד ווימפפען.

דער קאיזער האט צוואר געוואלט ראדעצקי'ס לייכע אויפנעהמען אין דער קאפוצינער־גרופט צווישען די לייכען פון די מיטגליעדער פונ'ם קאיזערליכען הויז; ערפילענדיג דעם וואונש פונ'ם פערשטארבענעם האט מען איהם בעגראבען אין העלדענבורג. אבער דער קאיזער האט געלאזט פערהאנדלען מיט דעם אייגענטהימער פארקפריעדער ער זאל איהם דאס שלאס פערקויפען.

פארקפריעדער האט דאס שלאס נישט געוואלט פערקויפען, אבער וועהרענד דעם קאיזער'ס וואונש, האט ער איהם דאס שלאס געשענקט.

איצט שענקט עס דער קאיזער ווידער דער ארמעע אלס אנערקענונג פאר איהר בערייטוויליגקייט און בע־גייסטערנדען פאטריאטיזמוס אין די לעצטע חדשים.

אין דער העלדענבורג געפינען זיך שטאטוען און דענקמעלער פון די בעריהמטעסטע עסטערייכישע העער־פיהרער, זי וועט איצט פון דער קאיזערליכער פאנדס־גיטער־דירעקציע פערוואלטעט ווערען און די הוצאות זאלען געדעקט ווערען פון דעם קאיזער'ס פריוואט־מיטעל.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגען נומער צוויי בילדער פון דער הערליכען העלדענבורג לויט אריגינעלע פאטאגראפיען.



יוליאוס ליפערט פייערט זיין 70־סטען געבורטסטאג.



די ערשטע גובערנאטארין: פרוי שעלדאן, די ערשטע וויבליכע גובערנאטארין אין אמעריקא.

# דאָן יוסף הנשיא, הערצאָג פֿון נאַקסאָס

## היסטארישער ראמאן אוים דעם זעכצעהנטען יאהרהונדערט

פריי בעארבייטעט נאך י. ווילדטנראַד.

(זעכסטע פֿאָרטזעצונג). *)

זעכסטעס קאַפּיטעל.

אין זיין הערליכען פּאַלאַסט בּיים ברוזע פֿונ'ם באָספּאָרוּס זיצט סולטאַן סעלים II, אויף זיין קאַיזער־ליכען שטוהל, אַרום איהם זענען פֿערזאַמעלט די מיניסטער, די נענע־אַלע, די הויכע גייסטליכע און נאָך פֿיעלע העהערע בּעאַמטע.

דעם סולטאַן צו דער רעכטער האַנד שטעהט דער גרויס־ווע‍זיער מוהאַמעד סקולי, רעם סולטאַן'ס אַיידעם; ער איז בעריהמט אים גאַנצען לאַנד דורך זיין ענערגיע און טאַפּפֿערקייט און ער האָט זיך ערוואָרבּען פֿיעל פֿערדיענסטע אין דער טירקיי.

נעבּען איהם שטעהט דער שייך־אול־איסלאַם, דער העכסטער מאַהאַמעדאַנישער גייסטליכער; דער קאָמאַנדאַנט פֿון די קריעגסשיפֿען, פּיאַלאַ, עבּענפֿאַלס רעם סולטאַנס איידעם, און דער מיניסטער לאַלה מוסטאַפֿאַ, בעקאַנט דורך זיין שטרענגקייט און גרויזאַמקייט.

עס ווערד איצט אָבּגעהאַלטען אַ וויכטיגע בעראַטהונג.

דער פֿערטרעטער פֿון דער ווענעציאַנישען רעגיערונג אין קאָנסטאַנטינאָפּעל האָט איבּערגעשיקט דער טירקישען רעגיערונג אַ בריעף פֿון דעם ווענעציאַנישען סענאַט, אין וועלכען דון יוסף הנשיא, דער פֿערטרעטער פֿונ'ם סולטאַן, ווערד בעשולדיגט, אַז קומענדיג קיין ווענעדיג וועגען אונטערהאַנדלונגען איבּער וויכטיגע פּאָליטישע ענינים, האָט ער זיך פֿערבּונדען מיט די פֿיינד פֿונ'ם לאַנד און אינטריגירט געגען די ווענעציאַנישע אינטערעסען, איבּערדעם איז דער סענאַט געווען געצוואונגען, איהם אַבצושיקען אַ היים, נישט וועלענדיג פֿיהרען מיט איהם וויי‍טערע אונטערהאַנדלונגען.

דער גראָסוועזיער האָט פֿאָרגעלעזען דעם בּריעף און אַלע אַנוועזענדע זענען שטאַרק איבּערראַשט געוואָרען, צו הערען, ווי דון יוסף הנשיא האָט בּלאַמירט דעם סולטאַן און זיין רעגיערונג אין ווענעדיג.

סולטאַן סעלים II. איז געווען אַ גרויסער פֿריינד פֿון דון יוסף הנשיא, וועלכער האָט איהם געהאָלפֿען צו בּעקומען די קרוין נעגען זיין ברודער. דער סולטאַן קען זיך נישט גלייבּען, אַז דון יוסף הנשיא זאָל אָבּטהון אַזוינע מעשים אין אַ פֿרעמד לאַנד. ער לעגט איבּער־דעם פֿאַר די גאַנצע מעשה זיינע ראַטהגעבּער, כּדי זיי זאָלען זאָגען זייער מיינונג דאַריבּער.

די טירקישע מיניסטער און די נענע־אַלע האָט עס שוין לאַנג נישט געשמעקט, וואָס דער יוד דון יוסף הנשיא שפּיעלט בּיים סולטאַן אַזאַ וויכטיגע ראָליע, זיי האָבּען אָבּגעוואַרט מיט אונגעדולד די געלעגענהייט, ווען זיי וועלען איהם קענען אונטערשטעלען אַ פֿיסעל, ער זאָל פֿאַלען און נישט מעהר אויפֿשטעהען.

און איצט דוכט זיך ווי איז די בעסטע געלעגענ־הייט דאַצו. איבּערהויפּט מוהאַמעד סקולי. האָט געפּרובּט צו בעווייזען דעם סולטאַן, אַז עס איז נישט גוט, וואָס ער האָט אַזאַ גרויס פֿערטרויען צו דעם יוד דון יוסף הנשיא וועלכער פֿערדיענט עס גאָר נישט און ניצט עס גאָר אוים פֿאַר זיינע פּריוואַט־אינטערעסען.

אויך דער שייך־אול־איסלאַם אונטערשטיצט מוהאַמעד סקולי'ס מיינונג און העצט אויף דעם סולטאַן נעגען זיין יודישען פֿערטרויענסמאַן.

— אונזער הייליגע רעליגיע — זאָגט ער — פֿערבּיעטעט עס אונז, מיר זאָלען איבּערגעבּען די וויכטיגסטע אינטערעסען אַ פֿרעמדען, וואָס האַלט אַנ'אַנדער'ן גלויבּען, נאָר אַ אמת'ער מוהאַמעדאַנער קען זיין אַ אמת טרייער ראַטהגעבּער פֿונ'ם סולטאַן און נישט אַ פֿרעמדער!..

דער סולטאַן איז פֿון דיעזער שנאה צו זיין טרייען ריענער נישט צופֿריעדען. ער אַליין איז איבּערצייגט, אַז דון יוסף הנשיא איז נישט שולדיג און אַז מען פֿער־דעכטיגט איהם אומזיסט, ער פּרובּט איהם צו פֿערטהיי־דיגען בּעהויפּטענדיג, אַז מען מוז איהם אַליין צוערשט הערען, אפשר וועט ער קענען בעווייזען זיין אונשולד.

אין דעם מאָמענט קומט אַריין דעם סולטאַנ'ס אדיוטאַנט און מעלדעט, אַז דון יוסף הנשיא איז געקו־מען און בעט, מען זאָל איהם אַריינלאָזען צום סולטאַן.

סעלים II. הייסט איהם תיכף קומען און טאַקי בּאַלד ערשיינט דון יוסף הנשיא פֿאַר זיין קאַיזער־ליכען הערר.

ער פֿערנייגט זיך טיעף פֿאַר'ן סולטאַן און דריקט אוים זיין צופֿריעדענהייט, וואָס ער האָט די זכיה ווידער צו זעהען זיין הערליכע געשטאַלט.

דער סולטאַן בעגריסט איהם פֿריינדליך און דער־לאַנגט איהם די האַנד, וועלכע דון יוסף קושט מיט גרויס כּבוד. מוהאַמעד סקולי, דער גרויס־וועזיער, קריצט מיט די ציינער, זעהענדיג, אַז אויך איצט איז דער סולטאַן בעזונדערס פֿריינדליך צו זיין יודישען ראַטהגעבּער.

נאָך דער בעגריסונג שטעלט זיך דון יוסף הנשיא אין אַ זייט נעבּען די אַנדערע מיניסטער און דער סולטאַן זאָגט:

— עטליכע שעה איידער דו ביזט געקומען, דון יוסף, האָט מען מיר געבּרענגט אַ בריעף פֿון דער ווענע־ציאַנישען רעגיערונג, פֿול פֿערדעכטיגונגען געגען דיר. די ווענעציאַנישע רעגיערונג בּעהויפּטעט, אַז דו האָסט ראַ־ט אינטריגירט געגען ווענעדיג, האָסט דיך פֿערבּונדען מיט איהרע פֿיינד און האָסט נישט ערפֿילט דיין חוב אַלס מיין פֿערטרעטער.

איך האָף אָבּער, אַז עס וועט דיר געלינגען, צו בעווייזען, אַז מען האָט דיך אונשולדיג פֿערדעכטיגט, ווייל איך בּין זיכער אין דיין טריי'הייט און ערגעבּענהייט צו מיר און מיין לאַנד.

דון יוסף הנשיא הערט אוים דעם סולטאַנ'ס ווער־טער רוהיג און ערנסט. ער איז פֿון זיי נאָר נישט איבּערראַשט, ווייל שוין אָבּפֿאָהרענדיג פֿון ווענעדיג האָט ער גערעכענט מיט אַזאַ מין פֿערליימדונג פֿון איהר זייט.

ער האָט אָבּער געמיינט, אַז ער וועט נאָך אָנ־קומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּעל פֿריהער פֿון דעם ווענעציאַ־נישען בריעף. איצט זעהט ער, אַז דאָס ווענעציאַנישע שיף איז שנעלער געפֿאָהרען פֿון איהם. ער מוז איבּערדעם זיין רוהיג און מיט ערנסט צוריקווייזען די בעשולדיגונגען, וואָס די ווענעציאַנישע רעגיערונג בעשולדיגט איהם.

— איך ווייס, וואָס די ווענעציאַנישע רעגיערונג בעשולדיגט מיך! — ענטפֿערט דון יוסף הנשיא — זי האָט מיר דאָס שוין אַליין מיטגעטהיילט, דעמילט ווען זי האָט מיך אַרויסגעטריעבּען מיט שאַנד פֿון איהר לאַנד, נישט שוינענדיג דעם כּבוד פֿון דעם מעכטיגען הערשער, וואָס אין זיין נאָמען בּין איך צו איהר געקומען!

— אבּער עפּיס מוז דאָך זיין אמת אין דער גאַנ־צער זאַך! — רופֿט דער גראָסוועזיער מוהאַמעד סקולי — אים גאַנצען אויסגעטראַכט איז עס דאָך נישט!

— ס'איז אַזוויפֿיעל אמת דאַ־ין — ענטפֿערט דון יוסף — אַז איך האָבּ ראַ־ט אין ווענעדיג בעזוכט מיינע ברידער, וואָס שמאַכטען אין ענגע פֿינסטערע גאַסען און מען לאָזט זיי נישט פֿריי אַטהמען גאָט'ס לופֿט... אמת איז אַזוויפֿיעל, אַז איך האָבּ מיך פֿאַר זיי אָנגענומען דער־מילט, ווען מען האָט זיי פֿערדעכטיגט, אַז זיי האָבּען אונטערגעצינדען דעם פּולווער־טהורם פֿון ווענעדיג... אמת איז, אַז איך האָבּ געוואָלט בעזוכען מיין מוהמע, וועלכע די ווענעציאַנישע אינקוויזיציע האָט געהאַלטען יאהרעלאַנג געפֿאַנגען דאָרט, וואָס זי האָט געוואָלט איבּערזידלען מיט איהר פֿערמעגען אין דעם לאַנד פֿון מיין גרויס־מעכטיגער הערר, וואָס איך האָבּ די זכיה צו געפֿונען גנאָדע אין זיינע אויגען...

דער סולטאַן איז זעהר צופֿריעדען דאַמיט, וואָס דון יוסף זאָגט דעם אמת און לייקענט נישט דאָס, וואָס ער האָט באמת געטהאָן.

מוהאַמעד סקולי אָבּער רופֿט:

— דער ווענעציאַנישע סענאַט דערצעהלט אונז אָבּער נאָך אַנדערע זאַכען: אַז דון יוסף הנשיא האָט זיך געלאָזט קריינען צום יודישען קעניג אין דער יודישער שוהל, וואו ער האָט געשוואוירען, צוצונעהמען ארץ־ישראל בּיים סולטאַן און דאָרט צו גרינדען אַ יודיש קעניגרייך... דער ווענעציאַנישע סענאַט דערצעהלט אונז ווייטער, אַז דון יוסף הנשיא האָט פֿערפֿיהרט אַ קריסטליך מעדכען, די טאָכטער פֿון אַ ווענעציאַנישען עדעלמאַן און וויל זי צווינגען, אָנצונעהמען דעם יודישען גלויבּען... דער ווענעציאַנישע סענאַט דערצעהלט אונז ווייטער, אַז דון יוסף הנשיא האָט געוואָלט מיט געוואַלט בעפֿרייען די ווענעציאַנישע געפֿאַנגענע, כּדי אַרויסצורופֿען אַ רעוואָלוציע אין לאַנד...

דון יוסף הנשיא קען זיך קוים איינהאַלטען פֿאַר כּעס. אויף אַזוינע ניעדריגע פֿערדעכטיגונגען און בעשול־דיגונגען האָט ער נישט גערעכענט. בעזונדערס פֿערדריעסט עס איהם, וואָס דער גרויס־וועזיער, זיין אַלטער שונא, וואַנט עס איצט אין געגענוואַרט פֿונ'ם סולטאַן, איהם אַזוי צו בעליידיגען, ווידערהאָלענדיג אַלע דיעזע געמיינע חשדים און געבּענדיג צו דערקענען, אַז ער גלייבּט אין זיי.

אָבּער דון יוסף האַלט זיך איין. ער ווייסט, אַז כּעס קען איהם אין דיעזער שעה זעהר פֿיעל שאַדען, ס'איז פֿיעל ראַטהזאַמער, ער זאָל ענטפֿערן רוהיג אויף דיעזע פֿערליימדונגען און בעווייזען זייער אינהאַלטלאָזיגקייט.

דער סולטאַן קומט איהם צו הילף, זאָגענדיג:

— אויך מיר האָבּען געלעזען דעם בריעף פֿונ'ם ווענעציאַנישען סענאַט און אַלע פֿערליימדונגען געגען אונזער ראַטהגעבּער דון יוסף הנשיא. אָבּער מיר גלייבּען מעהר אונזער פֿערטרעטער ווי אונזערע פֿיינד! מיר קענען נישט גלייבּען אַלסדינג, וואָס דער ווענעציאַנישע סענאַט שרייבּט; עס פּאַסט נישט פֿאַר אונז, מיר זאָלען אונזערע ראַטהגעבּער משפּט'ן לויט זייערע פֿערדעכטיגונגען. די ווענעציאַנער זאָלען זיך נאָך איינרעדען, אַז פֿון זיי הענגט עס אָבּ, ווער ס'זאָל בּיי אונז זיין דערהויבּען און ווער דערניעדריגט.

דער שייך־אול־איסלאַם, זעהענדיג אַז דער סולטאַן האַלט אַזוי שטאַרק מיט דון יוסף, ענדערט איצט שנעל זיין האַלטונג און זאָגט:

— מיר דאַכט זיך, אַז די ווענעציאַנישע רעפּובּליק האָט שטאַרק בעליידיגט אונזער מעכטיגען הערר, אַרויס־טרייבּענדיג זיין געזאַנדטען מיט שאַנד פֿון איהר לאַנד... מיר טאָרען דאָס נישט פֿערשווייגען... וואָלט דיין פֿאָטער, דער גרויסער סולטאַן סולימאַן, געלעבּט, וואָלט ער דאַפֿאַר תיכף די שטאָלצע איינגעבּילדעטע ווענעציאַנער ערקלערט דעם קריעג.

— דו האָסט רעכט! — ענטפֿערט דער סולטאַן — איך האָבּ שוין לאַנג געקלערט, אָבּצורעכענען מיט די ווענעציאַנער. אבּער איידער מיר פֿאַסען אַנ'ענטשלוס, וועט אונז דון יוסף הנשיא צוערשט אויספֿיהרליך דער־צעהלען אַלעס, וואָס איז איהם דאָרט פּאַסירט. דערנאָך וועלען מיר בעראַטהען וועגען דער פֿראַגע, אויבּ מיר זאָלען פֿיהרען קריעג מיט ווענעדיג.

דון יוסף הנשיא דערצעהלט אויספֿיהרליך אַלעס, וואָס איז מיט איהם פֿאָרגעקומען אין ווענעדיג. ווען ער

*) נייע אבּאָנענטען ערהאַלטען די פֿריהעריגע פֿאָרטזע־צונגען אויף פֿערלאַנגען גראַטיס צוגעשיקט.

רערצעהלט, אז דער פולווער־טהורם האט עקספלאדירט און אז ווענעדיג איז דורכדעם איצט געשוואכט און וועט זיך נישט קענען וועהרען, רופט דער שייך־אול־איסלאם:

— איצט איז טאקי די בעסטע געלעגענהייט צום קריעג! די ווענעציאנער האבען קיין קריעגס־מאטעריאל. מיר ווערלען זיי קענען נאר גרינג בעזיעגען!

דער סולטאן ווענדעט זיך צום גרויסוועזיער און פרעגט:

— וואס איז דיין מיינונג, מוהאמעד סקולי?

— מיין מיינונג, גרויסמעכטיגער הערר — ענטפערט סקולי — איז, מיר זאלען אונז נישט שטירצען לייכטזיניג אין א קריעג. וואס זיינע אויסזיכטען זענען נישט גאנץ זיכער? מיר האבען שוין געהאט געלעגענהייט, אונז איבערצוצייגען, אז די ווענעציאנישע רעפובליק איז שטארק זיך צו וועהרען נעגען אונזער אנגריף. צו וואס זאלען מיר אונז אריינלאזען אין אזא ריזיקאנטע זאך! מיר האבען איבערינענס פיעל וויכטיגערע אויפגאבען! מיר דאכט זיך, אז מיר ברויכען ניכער פיהרען א קריעג מיט שפאניען, וועלכעס פערפאלגט אונזערע גלויבענס־ברידער, די מורען, ווי קעגען ווענעדיג. וועלכעס לעבט מיט אונז בשלום און צאהלט פינקטליך זיין יעהרליכען טריבוט...

— און וואס איז דיין מיינונג, דון יוסף הנשיא? — פרעגט דער סולטאן.

— מיין מיינונג איז, ענטפערט דון יוסף — אז אויב מיר זאלען פיהרען קריעג מיט ווענעדיג, זאלען מיר ריכטען אונזער הויפט־אויגענמערק אויף דער אינזעל ציפערן, וועלכע איז נאהענט צו אונז און וועלכע מיר קענען גרינג איינגעהמען... געוואונען מיר דיעזע אינזעל, וועלען מיר בעהערשען דעם וויכטיגסטען פונקט אין דעם מיטעללענדישען מעער און דער גאנצער רייכטהום פון ווענעדיג וועט געהער'ען צו אונז...

— וואס זאגט מיין גרוים־וועזיער? — ווענדעט זיך דער סולטאן נאך א מאל צו מוהאמעד סקולי.

— איך זאג גאנץ אפען מיין מיינונג — ענטפערט דער גראם־וועזיער — אז מיר ברויכען זיך נישט אריינלאזען אין א קריעג מיט ווענעדיג. דאפאר, ווייל דון יוסף הנשיא האט מיט דער דארטיגער רעגיערונג פריוואטע חשבונות...

דער סולטאן שפרינגט אויף ערגענט פון זיין זיץ און רופט:

מוהאמעד סקולי! ווען איך זאל נישט שעצען דיינע גרויסע פערדיענסטע פאר מיר און מיין לאנד, וואלט איך עס נישט געשוויגען וואס דו וואגסט צו בעליידיגען און צו פערדעכטיגען מיין טרייען ריענער דון יוסף הנשיא. וועלכער האט שוין אזויפיעל מאל בעוויעזען זיין טרייהייט און ערגעבענהייט צו מיר און צו מיין הויז... עס איז מיין וואונש, אז מיינע ראטהגעבער זאל לעבען צווישען זיך אין שלום און אין אחדות, ווייל נאר אויף דעם אופן קען די מלוכה בליהען און גרוים ווער'ען.

מיר אלע זענען פאר דעם קריעג מיט ווענעדיג... און אזוי וועט עס אויך זיין! כדי אבער דיך דון יוסף הנשיא, צו ענטשעדיגען פאר די קרענקונגען, וועלכע דו האסט ערפאהר'ען אין ווענעדיג פונ'ם סענאט און דא אין מיין געגענווארט פונ'ם גראם־וועזיער, ערנענע איך דיך צום הערצאג פון דער אינזעל נאקסאס, ווייל איך בין מיט דעם א'צטינען הערצאג נישט צופריעדען און וועל איהם אבזעצען פון זיין שטעלע.

איך בין זיכער, אז דו וועסט אויך אין דיין נייער שטעלונג דיר ערווערבען מיין דאנק און אנערקענונג, און אויב מיר וועלען אים קריעג געוואונען די אינזעל ציפערן, וועל איך דיך ערנענען צום הערשער איבער דיעזער אינזעל...

דון יוסף הנשיא קושט דעם סולטאן די האנד און דאנקט איהם פאר דעם נייעם בעווייז פון זיין גנאדע. אלע אנוועזענדע גראטוליר'ען דון יוסף צו זיין נייער שטעלונג אין הערצליכע ווערטער. האטשי אין הארץ פערדריעסט זיי שטארק, וואס דער יוד ווערד אזוי שטארק דערהויבען.

נאר דער גרויסוועזיער שטעהט אין דער זייט און ברומט צווישען די צייהן פאר כעס. ער קען זיך נאר נישט בערוהיגען, וואס זיין פלאן, דון יוסף צו שטירצען, איז איהם נישט געלונגען.

דער קריעג מיט ווענעדיג איז א בעשלאסענע זאך. דער סולטאן בעפעהלט דעם גרוים־וועזיער, ער זאל אלעס נויטהיגע דאצו אנגרייטען.

(פארטזעצונג קומט).

# איהר נקמה.

גליקליכער ווי רייזעל מיט בערקאוויטשען האבען נאך דער חתונה געלעבט, דארפען זיך יודישע קינדער נישט ווינשען.

פערשטעהענדיג ווער רייזעל איז, וועמענס טאכטער, האט זי בערקאוויטש געעהרט און געשעצט. און זי איז אויך געווען בעוואוסט, וואס פאר א מאן זי האט — האבען זיי געלעבט אנ'אמת גליקליך לעבען.

ער, בערקאוויטש, איז געווען איינער פון די שטארטקענער. דאס וואלט נאך היינט נישט געווען אזא חדוש. וועניג קענער ווערען היינט פון אלעם פערשטאנען? נאר דא איז עפים אנדערש. אהן לעהרער, אהן כמעט עמיצענ'ס הילף איז ער געקומען צו דער מדרגה "קענער".

פערבלייבענדיג א יתום האט איהם א מוהמע, אנ'ארימע, צו זיך גענומען, אזוי צו זאגען פאר א קינד. זי אליין האט קיין קדיש געהאט. האט זי זיך איהם ערצוינען, ערצויגען, מיט'זיינס געזאגט, אין רחקות. ווי נאר א־ים סיקאן וויין, אין חדר, צו לעהרער, האט זי איהם נישט געשיקט. דאפאר אבער האט זי איהם קיין צייט געשאלעוועט צו לערנען וויפיעל ער וויל אליין.

און דאס איז שוין אויך א טובה. וועניג אזעלכע מוהמעס פערלאנגען פאר זייער עסען ארבייט...

און די נוטע געלעגענהייט האט אויך בערקאוויטש פערשטאנען אויסצונוצען, און געזעהען האט מען בהוש אז דאס קינד וויל קענען. זיין נשמה דארשט נאך וויסען.

אונזערע יונגע לייט האבען זיך צו איהם אנגעהויבען צוצוקוקען, איינער האט איהם געלערנט יודיש, דער אנדערער דייטש. מ'האט אפילו נעשמועסט אז מ'וועט איהם אוועקשיקען שטודיר'ען פאר זיין גוטען קאפ נאר דאצו איז עס נישט געקומען.

לאנגזאם האט ער זיך אזוי ווייט הערויסגעארבייט אז די גאנצע שטאדט האט מיט איהם געקלינגען. נישט איינער האט זיך געוואונשען צו האבען אזא איידעם, נאר איהם צו בעקומען, האט מען געזעהען, איז א שווערע הלכה. נאך נישט האט איהם איבערראשט פון דעם וואס מען האט איהם געבעטען. עפעס מאדנע איינגעשאפטען האט ער פערלאנגט.

— איך קוק נישט אויף שעהן, נישט אויף רייך — פלעגט ער טענה'ן — מיין פערלאנגען איז פאר אלעם א "ווירטין", אין דערנאך א געבילדעטע, נישט ווי די יאהאלניקער מיידען, וואס ווייסען נישט מעהר, נאר פודער און פודער.

און דאס וואס ער האט געזאגט איז אין יאהאלניק נישט געווען אויף די טיצען.

איין רייזעל, ר' הערשעלים טאכטער, איז איהם געפעלען. זי האט טאקי אין שטאדט געשמ'ט פאר א "רעכטע". היינט איהר בילדונג? וועלכע שרייבער האט זי נישט געקענט אויסצעהלען אויף די פינגער.

אין דער שידוך איז טאקי אויסגעפיהרט געווא־ען. איך בעט אייך, פאר וואס'זשע זאלען זיי נישט האבען א גליקליך לעבען?

ער האט געטראפען, ווי ער האט געוואלט. און רייזעל איז געווען די גליקליכסטע אין שטאדט.

און געלעבט האבען זיי באמת גליקליך. גליקליכער דארפען זיך יודישע קינדער נישט וואונשען.

ער איז געוועזען א פוכהאלטער ביים פריץ אין סיהל און מ'האט פון איהם געלעקט די פינגער. דער פריץ — איינער נאך פון די אלטע, וואס ווייסען קיין חלוק צווישען יוד און גוי — האט זיך איהם נאר נישט געקענט אנגלויבען. ער האט איהם דאס גאנצע פערט־זיען געשענקט.

גליקליך איז געווען דאס לעבען.

* * *

שפעטער מיט א צייט איז אויפגעשטאנען א נייער מלך, מיט נייע פעראָרדנונגען, און אויך אנדערש איז געווארען דאס יונגע לעבען.

געקומען א נייער פריץ, א פערביסענער אנטיסעמיט, און ער האט קיין איינציגען יוד אין מיהל בעשעפטיגט. — א 60 יורען זענען דערמאלט אראבגענאנגען פון דער פרנסה, און בתוכם אויך בערקאוויטש.

אין שטאדט איז געווארען הושך און פאר בערקאוויטש איז קיין אנדערע ברירה געווען ווי קיין אמעריקא, דען ארבייטען גלאט אויפ'ן טאג האט ער נישט געקענט.

טרויריג איז געווען דער טאג, אין וועלכען בערקאוויטש האט געמוזט פערלאזען זיין רייזעל און אליין פאהרען אין א לאנד וואס קיינער ווייסט פון איהם נישט.

דעם לעצטען הדוק רייזעלים האנד — ווי איינער וואס וויל זיך מיט א מאל אפרייסען — ס'איז געווען דער אויסדרוק פון זיין גרויסען, גרויסען שמערץ, איז ער צום באהנהאף געגאנגען.

א שווערע וועג און איינער אליין. קיינער האט אין שטארט דאפון געוואוסט. ס'איז איהם א בושה געווען, אז "ער" זאל מוזען פאהרען קיין אמעריקא.

* * *

קומענדיג קיין אמעריקא האט ער זיך געלאזט געהען אבזוכען א בעקאנטען פון די עלטערנ'ס צד.

און ריכטיג ער האט א בעקאנטען געטראפען, עס איז געווען שוין א מאן מיט א גאנצער פאמיליע, ער האט דארט געהאט אנ'איינגענעם "שאפ" און האט אויך איהם אלם אויפזעהער צוגענומען.

דער טרויער איז בערקאוויטשען אביסעל א־אב פון הארצען און תיכף האט ער פון זיין געטראפענעם גליק רייזלען געשריעבען.

מיט א קלאפענדיג הארץ האט רייזעל דעם בריעף געלעזען און לאנג האט זי געזוכט און נישט געפונען די ווערטער: "איך האף דיך באלד א־ויפצונעהמען".

בערקאוויטשען איז דארט געגאנגען אלץ בעסער, און ווי פריהער האט מען פון איהם אויך איצט די פינגער געלעקט. "א פיינער יונגער מאן" — פלעגט אפט דעם שעפס פ־וי צו דער טאכטער זאגען — "זעהסטו אזוינעם ווען דו זוכסט דיר אב, בין איך צופריעדען".

און כדי די מאמע זאל זיין צופריעדען, האט זיך די טאכטער אנגעהויבען שניידען וועגען, ווי אזוי איהם צו געוואונען. נישט וויסענדיג צי ער האט שוין א פרוי, האט זי פעסט ענטשלאסען אויף איינמאל — ווי מאדערנע פרויען טהון היינט — זיך איהם צו ערקלעהרען, און איהם דעם פארשלאג פון "חתונה־האבען" מאכען.

בערקאוויטשען פלעגען אפילו די אלע "קאמפלימענטע מאכען" פון אנהייב העניג וואס אינטערעסירען: נאר מיט דער צייט האט ער זיך דאצו געוואהנט אין פלעגט זיך רעוואנזשירען אפט.

ס האט זיך איהם אויסגענומען דאס גאנצע ווי א שפיעלכעל.

שפעטער מיט א צייט האט ער איינגעזעהען, אז נישט קיין שפיעלערעל איז דאס, נאר טאקי עפים וואס נאנט. ער האט דערפיהלט דעם גרויסען חטא וואס ער איז קענען רייזלען בעגאנגען, וואס וועהרענד דער גאנצער צייט האט ער איהר מעהר נישט ווי צוויי בריעף געשריעבען. "עס איז צו שפעט" — האט ער נישט ווילענדיג ארויסגעמורמעלט... איך בין ווי אין שטיין.

און די תאוה צו דעם גדין וואס ער וועט בעקומען, האט מנצח געווען, און אין א צייט ארום האט ער די געליעבטע געהייראטעט.

* * *

אמעריקא איז היינט — ווי מ'זאגט — מיט יאהאלניק, ווי א שטוב מיט'ן אלקער. און וואס אין שטוב געשעהט הערט מען תיכף אין אלקער.

אזוי האט אויך רייזעל זיך דאפון דערוואוסט. נאר גלייבען האט זי זיך נישט געקענט, אז בערקאוויטש,

וועלכער האט איהר א מאל — נישט לאנג — טרייהייט און ליעבע געשווארען, זאל אזוי אבטהון. ניין, זי האט עס נישט געגלייבט. נאר וויסענדיג ביי זיך פונ'ם סוד, אז שוין א צייט האט זי קיין בריעף בעקומען, איז דער חשד אליין געוואקסען און זי האט ביי זיך אבגעפלאנט נאך פסח צו איהם צו פאהרען.

ווי די ערשטע נאך פסח'דיגע לופט האט א שמעק געטהון, איז זי שוין געפאהרען.

פערשיעדענע געדאנקען האבען זיך איהר אויף'ן וועג אין קאפ געפלאנטעט.

באלד האט זי די מינוט ערלעבט אין וועלכער איהר בערקאוויטש האט ווי געהאלוט, זיך מיט טרערען אין די אויגען פאר'ענפערט. פארוואס ער האט ביז איצט נישט געש־ריעבען. זי איז איהם מוחל. און ווייטער איז דאס לעבען גליקליך... באלד זעהט זי בערקאוויטשען מיט א אנדערער וואוינען. זי זעהט זיך פערשטויסען פון איהם, פערווארפען אויף אייביג.

אט מיט אזעלכע בילדער איז זי ענדליך דערפאהרען.

קומענדיג אהין, איז דער ערשטער גאנג געווען „זוכען דעם מאן".

נאך א צייט־זוכען איז'ס איהר געלונגען.

ווי פערגליווערט איז בערקאוויטש געבליעבען בשעת א דיענער האט זיין רייזלען אין קאנטאר געפיהרט. קיים דאס וואר'ט הערויסרעדענדיג האט ער זי בעגריסט און א נעבעל האט זיך אויף זיין פנים אויסגעצויגען, ווען ער האט געוואלט איהר א קוק טהון אין די אויגען.

— וואס ביזטו אהן מיין וויסען געקומען? — האט ער גרויסמוטיג געפ־ענט — האסט מיר מורא געהאט צום ערשטען צו שרייבען?

שטאלץ און גרויסמוטיג, האט איהם רייזעל ווי אויף דער ווענטקע א האפ געטהון:

— איך בין געקומען קענען לערנען דיין ווייב!... מ'זאגט אז זי איז א שעהנע!...

ווי א מעסער אין האלץ האבען די עטליכע ווערטער אויף איהם געווירקט, און נישט וויסענדיג קיין תירוץ האט ער פערצווייפעלט א געשריי געטהון: ס'א ליענען, חילעבען, ס'א ליענען!...

— נו אויב ס'איז א ליענען — האט שוין רייזעל געלאסען געפ־ענט, — טא קום'זשע מיט מיר!

פער־צווייפעלט איז ער מיט רייזלען אין גאס געגאנגען.

שטיל אהן לשון זענען ביידע געגאנגען נישט וויסענדיג וואוהין.

דער זייגער האט 12 געשלאגען. ס'איז די צייט פון מיטאג געווען, ער האט בעדאר־פט געהען אהיים.

און נישט האבענדיג קיין אויסרייד פאר רייזלען האט ער געמוזט הער־אויס מיט'ן אמת.

— רייזעל! ווייס פון דיין בערקאוויטשען דעם אמת: א שטן האט מיך פערפיה־ט! איך האב פאר א אנדער־ער חתונה געהאט.

נישט געשריען האט רייזעל, נישט געוויינט.

ווי אלטע בעקאנטע, וואס טרעפען זיך זעלטען, האבען זיי זיך געזעגענט.

* * *

אויפ'ן אנדערען מארגען האט מען געקאנט אין אלע צייטונגען לעזען:

„א יונגע ווייבעל, נישט לאנג געקומען פון יוראפ, האט זיך נעכטען דערטראנקען די סבה איז נישט בעקאנט."

ווען בערקאוויטש איז צו מיטאג געקומען האט איהם זיין פרוי דאס נייעס דערצעהלט: „א ווייבעל וואס איז נישט לאנג פון יוראפ געקומען, האט זיך נעכטען דער־טראנקען." אמת נארישע ווייבליך? האט זי מיט א שמייכעל געפרעגט.

בערקאוויטש האט נישט געענפערט.

ביי נאכט נאך דעם מיעדען טאג ארבייט, איז בערקאוויטש ווי א טויטער צו צום שלאף.

עס איז גראד נישט זיין טבע געווען. בעזאר־גט האט זיך זיין פרוי צו איהם צוגעהערט.

פלוצים איז ער פון בעט אראב. ווי א משוגענער איבער דער שטוב געלאפען, שרייענדיג דערביי: „רייזעל! רייזעל! איך האב דיך ווייטער ליעב. א שטן האט מיך פערפיהרט".

צו מארגענס האט מען א דאקטאר געבראכט און דער דאקטאר האט אנגעזאגט אז געפעהרליך קראנק איז בערקאוויטש.

3 מאנאט איז ער געלעגען און פון היטץ גערעדט: „רייזעל! איך האב דיך ווייטער ליעב. א שטן האט מיך פערפיהרט."

שפעטער האט מען געשמועסט, אז דאס האט רייזעל'ס גייסט נקמה גענומען.

יאניעלניצא. בן־ציון מאזער.

## פון נאהנט און ווייט.

— סאן פראנציסקא, די הויפטשטאדט פון קאליפארניען, וועלכע איז פאר דריי יאהר איננאנצען צערשטערט געווארען בעת דער גרויסער ערד־ציטערניש, איז מיט א ספעציעלער אמעריקאנישער שנעלינקייט צוריק געווארען אויפגעבויט. מען האט אין אלגעמיין געמיינט, אז דער ווידער אויפבוי פון אזא גרויסער שטאדט וועט דויערן לכל־הפחות צוואנציג יאהר צייט. די ארבייט איז אבער צוגעגאנגען זעהר שנעל און היינט נאך דריי יאהר איז אויפגעשטאנען א נייע שטאדט בעדייטענד גרעסער און שענער. די צאהל פון די הייזער, וועלכע זענען איינגעפאלען בעת דער ערדציטערניש, האט בעטראפען 28 טויזענד און דער געזאמטשאדען איבער צוויי מיליארד. היינט זענען אויפגעבויט נייע 16,831 נייע הייזער, וועלכע זענען בעדייטענד גרעסער פון די פריהערדיגע און פערנעהמען א גרעסערן פלאץ, ווי די 28 טויזענד צערשטערטע הייזער. די נייע הייזער זענען מייסטענטהיילס געבויט געווארען מיט שטאהל און אייזענצעמענט מאטעריאלען, כדי זיי זאלען זיין מעהר זיכערער, אויב עס וועט זיך נאך אמאל איבערחזר'ן דאס ערדציטערניש. פאר דער שרעקליכער קאטאסטראפע האבען אין סאן פראנציסקא געוואהנט ס"ה 450,000 איינוואהנער, דערנאך איז די צאהל אראב אויף 350,000. צוליעב די בוי ארבייטען איז דער צושט־אם פון מענשען געווא־ען אלץ גרעסער און די לעצטע פאלקסצעהלונג האט שוין געקאנט אויפ־ווייזען 507,329 איינוואהנער.

— אין פארט־סעיד אין מצרים איז דעם פסח פארגעקומען א עלילת־דם. א גריכיש מיידיל איז פלוצלינג פערלוירען געווארען און דער המון איז שוין בעפאלען דעם יודישען קווארטאל, ווי אויך די יודישע שוהל. דער גובערנאטאר מיט די פאליציי האט אויך דעם צערייצטען עולם נישט געקאנט איינשטילען. נאר צום גליק איז דאס מיידיל געפונען געווארען און דער המון איז אבגעטרעטען.

— די חברה „כל ישראל חברים" פון פאריז האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צום פראנצעזישען פאסעל רעניאל אין פעץ (מאראקא), ער זאל אויפמערקזאם מאכען דעם מאראקאנישען סולטאן וועגען די רדיפות, וואס יודען האבען אויסגעשטאנען פון געוויסע הויכע בעאמטע. דער פראנצעזישער פאסעל האט געענטפערט, אז ער האט שוין וועגען דעם גערעדט מיט'ן סולטאן און יענער האט איהם פערשפראכען צו פעראדנען, אז אזעלכעס זאל מעהר נישט פארקומען.

— ה' מאיר זולצבערגער, איינער פון די וויכטיגסטע יודישע עסקנים אין צפון אמעריקא, וועלכער איז א ריכטער אין פילאדעלפיא, האט נישט אנגענומען די שטעלע פון א פאסעל אין קאנסטאנטינאפאל, וואס די אמעריקאנישע רעגירונג האט איהם פארגעלעגט, ווייל ער וויל בעסער פערבלייבען אין אמעריקא.

— אין פארטוגאל איז פארינען פרייטאג און שבת אויסגעבראכען א שטארקע ערדציטערניש. ביי דעם ערד־ציטערניש זענען אויך פיעל מענשליכע קרבנות געפאלען. אין בענאווענטע זענען געהרג'ט געווארען 40 מענשען. אין צעטימברא — צוויי מענשען. שבת ביינאכט איז דער קעניג ארויסגעפאהרען צוזאמען מיט'ן ארבייטס־מיניסטער אין בענאווענטע. אויך אין ליסאבאן זענען עטליכע מענשען ביי דער ערד־ציטערניש פערוואונדעט געווארען, די ערד־ציטערניש אין פארטוגאל האט מען אויך געשפיערט אין מאדריד, בעזונדערס אין די פאר־שטעדט, וואו א סך מויערן האבען געפלאצט. אין צענט־רום פון שטאדט האט מען די ערד־ציטערניש כמעט נישט געשפיערט.

## דער גורל פון א געוועזענעם פרעזידענט.

דער געוועזענע פרעזידענט פון דער אמעריקאנישען רעפובליק ווענעזועלא, קאסטרא, איז איצט א. נע־ונד אין דער וועלט; וואוהין ער קומט, טרייבט מען איהם א־ויס און יעדעם לאנד בעדאנקט זיך פאר דעם חשוב'ן גאסט.

קאסטרא האט אין ווענעזועלא, ווי לאנג ער האט דא־ט רעגיערט, געפיהרט א בלוטיגע געוואלט־הערשאפט, נישט בלויז געגען די איינענע בירגער פון לאנד, נאר אויך געגען די אייראפעער און עטליכע מאל איז עס שיער געקומען וועגען זיינע פראוואקאציעס צו בלוטיגע קריעגע.

אים לאנד גופא האט ער געהערשט ווי א טיראן, אונטערדריקענדיג זיינע געגנער מיט פייער און שווערד. דאביי האט ער זיך בערייכערט אויף קאסטען פונ'ם פאלק און האט ערווארבען א היבש פערמעגען.

אלע רעוואלוציעס געגען איהם זענען נישט געלונגען און ער האט זיך דורך היבשע עטליכע יאהר געהאלטען אויף זיין שטוהל צום טראטץ פונ'ם גאנצען פאלק און פון אלע אויסלענדישע מלוכות.

קאסטרא, דער געוועזענער פרעזידענט פון ווענעזועלא.

אבער שליעסליך איז זיין סוף געקומען. ער איז קראנק געווא־ען און האט געמוזט פאהרען קיין אייראפא, זיך קורירען. וועה־ענד ער איז אבער געזוזען אין אייראפא, האט זיך דערווייל דער וויצע־פרעזידענט גאמעז א־ויפ־געכאפט אויף דער שטוהל און קאסטרא מודיע געווען, אז ער האט שוין נישט נאך וואס א היים צו קומען, ווייל מען וועט איהם דארט בעהאנדלען אלס פערברעכער און ער ערווארט דאס קרימינאל.

עטליכע חדשים האט קאסטרא אנגענומען זיין גורל מיט שטילשווייגען. שליעסליך איבערלעגט ער זיך די זאך און וויל צוריקבעקומען זיין פריהערע שטעלע.

אבער קיין ווענעזועלא דארף ער דאן נישט קומען; פרובירט ער איבערעדען זיך צו בעזעצען נאהענט פון דארט און פון זיין נייעם וואהנארט אויס אנצוקניפען פערבינדונגען מיט זיינע אנהענגער אין לאנד.

אבער די אייראפעאישע, ווי אויך די אמעריקאנישע שטאאטען, מי'ט וועלכע קאסטרא פלעגט פריהער אפט רערטשעפען, האבען קיין חשק, איהם ווידער צוצולאזען צו דער ממשלה. און מען טרייבט איהם אהים פון אי־בעראל, וואו ער וויל זיך בעזעצען.

פון דער פראנצעזישער אינזעל מארטיניקע, וואו

ער האט געוואלט זיך אויפהאלטען, איז ער מיט געוואלט א־ויסגעט־ייבען געוואר־ען. פונ'ם בעט א־ויס האבען איהם פאליציסטען איינגעוויקעלט אין א פעל'ן א־ויסגעט־אנען אויף א שיף און איהם געהייסען פאהר־ען ווייטער.

דאסזעלבע איז איהם אויך געשעהען אויף אנדער־ע אמעריקאנישע אינזעלן, וואו ער קומט. ווייזט מען איהם אויס און ער פיהר־ט א לעבען ווי „קין". ער איז נע־ונד אין דער גאנצער וועלט.

קאסטרא, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין דער היינטיגער נומער, פראטעסטירט געגען דיעזער בעהאנדלונג עפענטליך אין די צייטונגען, אבער קיינער קימערט זיך נישט ווענען זיינע פראטעסטע. ער איז א געפאלענע גרעסע.

## יודישע פוסבאל־שפיעלער.

דאס פוסבאל־שפיעל איז אנ'א־ט גימנאסטיק, וועלכע ווערד אין ענגלאנד שטארק געט־יעבען. דיעזע גימנאסטיק ערפאדערט פיעל קראפט און געשיקליכקייט. ס'איז אבער זעהר געזונד פא־ין גוף.

ביי אונז יודען איז די גימנאסטיק זעהר זעלטען נעפפלענט געווא־ען. ערשט אין די לעצטע צייט האט זיך די יודישע יוגענד דאצו גענומען, צו גרינדען יודישע גימנאסטישע פע־איינע און ס'האט זיך געוויזען, אז די יודען זענען פא־ קערפערליכע אנשטרענגונגען און איבינגען עבענזא פעהיג ווי די אנדערע פעלקער.

דאס יונגע יודישע דור, וועלכעס איז בעזעעלט פון א נייעם גייסט, וויל אויך שטארקען זיין קערפער און דאס בעסטע מיטעל דאצו איז די גימנאסטיק.

אין דער לעצטען צייט איז אין די יודישע גימנאסטישע פעראיינע אויך איינגעפיהרט געווארען דאס פוספאל־שפיעל און מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד פון די טהיילנעהמער פון דעם ערשטען פוסבאל־שפיעל־וועטקאמפף, וועלבער איז פעראנשטאל־טעט געווא־ען דורך דעם יודיש־גימנאסטישען פעראיין „דרור" אין לעמבערג.



# א פרעמיע פאר אונזערע אבאנענטען!

## א רייזע קיין ארץ־ישראל

איז דאס אידעאל פון יעדען יוד! יעדען יוד וויל זיך בעזוכען דאס היילינע לאנד, וואו דאס יודישע פאלק האט פערלעבט זיינע בעסטע יאהרען, זיין גליקליכע פערנאנ:ענהייט, און וואו עס ליענט אויך די צוקונפט פון כלל־ישראל. דאָרט וואו יעדער שטיין, יעדער בערג און יעדער טהאל איז פול מיט היסטאָריישע זכרונות פון אונזער געשיכטע און פון אונזער טראדיציע.

ביי די איצטינע פארטגעשריטענע פערקעהרסמיטעל איז אזא רייזע נישט מעהר פערבונדען מיט בעזונדער־ע שוויעריגקייטען, ווי אין אלטע צייטען; זי איז פיעלמעהר א פערגניגונגס־רייזע אין אמת'ן זין פונ'ם ווארט. פערגניגונגס־רייזע פאר'ן גייסט און פאר'ן גוף.

און עס מעהרט זיך אויך אין דער לעצטער צייט די צאהל פון דיעיע־נינע וואס פאהרען קיין ארץ ישראל, בעזוכען די היילינע ערטער פון דער פערגאנגענהייט, און די יודישע קאלאניעס, די הערליכע בילדער פון דער צוקונפט.

די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג", וועלכע האט אין דער קורצען צייט פון איהר בעשטעהען געוואונען אזוי פיעל פריינד און אנהענגער צווישען יודישען לעזע־פובליקום, וויל אויסדריקען איהר דאנקבארקייט פאר דיעזע אנהענגליכקייט, אויסשרייבענדיג אלס א בעזונדערע פרעמיע פאר איהרע יעה־ליכע אבאנענטען

## א בחנם'דיגע רייזע קיין ארץ ישראל און צוריק.

דאס רעכט אויף דיעזער פרעמיע האבען אבאנענטען, וואס אבאניערען דאס בלאט דירעקט ביי דער אדמיניסטראַ־ציע אויף א גאנץ יאהר און צאהלען איין דעם פולען אבאנע־מענטס־פרייז.

יעדער פון דיעזע אבאנענטען בעקומט א לאז מיט א נומער, אין א בעשטימטען דאטום, וועלכעס וועט שפעטער בעקאנטגעגעבען ווערען, וועט שטאטפינדען א ציעהונג, און וועמעס לאז ס'וועט געוואונען, דער וועט בעקומען בחנם א

### רייזע־קארטע קיין ארץ־ישראל און צוריק פון זיין וואהנארט אויס.

די קארטע וועט נישט האבען קיין בעשרענקטע צייט. מען וועט אויף איהר קענען פאהרען ווען מען וועט וועלען; זי וועט אויך נישט זיין אויסגעשטעלט אויף א בעשטימטען נאָ־מען; מען וועט זי קענען אבטרעטען וועמען מען וועט וועלען.

די רייזע וועט זיין אין עסטערר־ייך־אונגארן דורך טריי־עסט, אין רוסלאנד דורך אדעס, אין רומעניען דורך קאנסטאנ־צא, אין אנדערע לענדער דורך דעם האפען, וואס איז אם נאהענסטען צום וואהנארט פון דעם געוואונער פאן לאז.

די פערלאזונג וועט געשעהען עפענטליך, אונטער טהייל־נאהמע פון בעקאנטע יודישע פערזענליכקייטען. יעדער אבאָ־נענט וועט אויך האבען דאס רעכט, צו זיין אנוועזענד ביי דער ציעהונג. וואס איהר צייט וועט רעכטצייט בעקאנט געגעבען ווערען אין אונזער צייטונג.

דאס רעכט אויף די לאזע האבען אויך די ביזהעריגע יעהרליכע אבאנענטען. דיעיעניגע, וואס האבען דאס בלאט אבאניערט בלויז אויף א פיערטעל אדער א האלב יאהר, קענען איצט צוצאהלען דעם רעשט און זיי וועלען עבענפאלס בעקו־מען דאס רעכט אויף טהיילנאהמע אין דער פערלאזונג.

מיר האפען, אז דיעזע פרעמיע וועט געפונען די אנערקענונג פון דעם יודישען לעזע־קרייז און וועט אונז ערמעגליכען, דיעזעלבע עפטערס צו ווידערהאלען.

די רעדאקציע.

# די קראנפרינצעסין פון האלאנד.

די האָלענדער האבען זיך דערוואַרט! צוואר האט זיי די קעניגין נישט געשענקט קיין קראנפרינץ, נאר א פרינצעסין, אבער וויל לויט דער האלענדישער פערפאַסונג קענען אויך פרויען בעשטייגען דעם טהראָן, איז שוין די עקסיסטענץ פון דער דינאַסטיע געזיכערט און די פראַווע האָלענדער ברויכען זיך שוין נישט צערברעכען דעם קאָפּ, וועמען זיי זאָלען זיך א מאל וועהלען צום הערשער אין לאַנד.

דאס פרייידינע ערא‍ייגניס, וועלכעס דאס גאַנצע פאָלק האט ערוואַרט מיט אַזויפיעל אינגעדולד, איז איינגעטרעטען פאַרינגען פרייטאג אין דער פריה און באַלד האבען די קאַנאָנען, וואס זענען געשטאַנען נאָהט ביים קעניגליכען שלאָס, מודיע געוועזען, אז די געליעבטע קעניגין ווילהעלמינאַ האט דעם לאַנד געשענקט א קראַנפרינצעסין.

די בשורה איז טעלעגראַפירט און טעלעפאָנירט געוואָרען ווייט און ברייט אים גאַנצען לאַנד און די שמחה פון די האָלענדער איז גאָר גרויס געוועזען.

די קעניגין ווי אויך די פרינצעסין זענען געזונד. דאס קינד וועגט 7 פפונד און בעקומט דעם נאָמען ווילהעלמינאַ עממאַ, חוץ לזה נאך ווייטער 14 נעמען (דאפּלעט אַזוי פיעל ווי יתרו!)

קאַנאן דאָלע, דער מחבר פון די שערלאָק־האלמעס ראָמאַנע, אין זיין אַרבייטס־צימער.

דאס האלענדישע פאלק האט שוין פריהער געהאט אנגעגרייט פאַר דעם קינדס וועגען אלעס נויטהיגע. יעדע שטאדט, יעדער פעראיין און יעדע קערפער־שאַפט האט געשיקט פרעזענטע אין דעם קעניגליכען שלאָס; דאַרונטער געפינען זיך עטליכע טוץ וויעגען און וועגעליך.

די שענסטע וויעג איז פון דער שטאדט אמסטערדאם. אוים לויטער זילבער מיט טהייערע זיידענע פאַרהענגע. דיעזע וויעג וועט אויך די יונגע פרינצעסין בענוצען.

ווי מיר האבען שוין אין פריהערע נומערן בעריכטעט, איז די איצטיגע קעניגין ווילהעלמינאַ די לעצטע פון דער קעניגליכען דינאַסטיע אראַניען, וועלכע האט זיך ערוואָרבען גרויסע פערדיענסטע אין האלאַנד. די קעניגין איז שוין פערהייראטעט 8 יאהר און האט ביז איצט דריי מאָל מפיל געוועזען. די האָלענדער האבען מורא געהאט, אז זי וועט שוין קיין קינדער נישט האבען און דעמאלט וואלטען זיי זיך געמוזט וועהלען א נייע דינאַסטיע. איבערהויפּט איז איצט זייער שמחה אזוי גרויס, וואס די דינאַסטיע „אַראַניען" בלייבט דעם לאַנד דערהאַלטען.

ידישע פוס־באַל־שפּיעלער: די טהיילנעהמער אין'ם ערשטען ידישען פוס־באַל־וועטקאַמפּף אין לעמבערג

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאס בילד פון דער זילבערנער וויעג, וואס די שטאדט אמסטערדאם האט געשענקט פאַר דער ניי־געבוירענער קראַנפרינצעסין.

## די ערשטע גובערנאטארין.

אין אייראָפּאַ און אין ענגלאַנד קעמפּפען די פרויען מיט אלע כחות, צו בעקומען פּאָליטישע רעכטע. זיי ווילען גלייך זיין מיט די מענער און אויך זאגען א דעה אין די וויכטיגסטע ענינים, וואס בעריהרען דעם שטאַאט און די געזעלשאַפט.

זיי ווילען נישט בלויז דיקטירען די נייע מאָדע, נאר אויך בעשאַפען נייע שטייער־געזעצע; נישט בלויז טראַטשען און פלודערן ביים קאַפע, נאר אויך האלטען רעדעס אין די פּאַרלאַמענטען.

די מענער ווילען אבער לעת־עתה נישט אבלאזען פון זייער אליין־הערשאַפט אין דיעזע ענינים. און ס'וועט נאך לאַנג דויערן, ביז די פרויען וועלען ערדרייכען זייער „אידעאַל".

דאגעגען האבען די פרויען אין אמעריקא שוין זעהר פיעל דערגרייכט. צוואר פּאָליטישע וואהל־רעכט האבען זיי אויך דאָרט נישט. אבער אים שטאַאטס־דיענסט ווערען זיי שוין צוגעלאַזט צו די העכסטע שטעלען.

איצט איז זאגאר א פרוי געוואָרען גובערנאַטאָרין פון דעם שטאַאט אריזאָנאַ אין נאָרד־אמעריקא.

די נייע גובערנאַטאָרין הייסט פרוי שעלדאן, א צייט לאַנג איז זי געוועזען ערשטע סעקרעטאַרין פונ'ם

א וויכטיגע ערפינדונג: אינ'ם אָפּעראַציאָנס־צימער אין אנגעגרייט א שפּיעגעל, וועלכער גיבט איבער די גאַנצע אָפּעראַציע פאַר די סטודענטען, וואס שטעהען אים צווייטען צימער.



די קראָנפּר נצעס ן פון האָלאַנד: די זילבערנע וויעג, וועלכע די שטאָדט אַמסטערדאַם האָט געשענקט פאַר דער קראָנפּרינצעסין.

נובערנאַטאָר און איצט האָט זי איבערגענומען טאַקי די העכסטע שטעלע אים לאַנד.

פרוי שעלדאָן, וואָס איהר בילד ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער. בעזיצט זעהר גרויסע פּאָליטישע פעהינקייטען און זי האָט צו בּרענגען דעם בעוויזן ווי וויים פרויען זענען פעהיג צו לייטען די וויכטיגסטע פּאָ־ליטישע ענינים.

# אַרטהור קאָנאַן ד׳אילע.

די אַם מייסטען געלעזענע ליטעראַטור אין דער איצטיגען צייט איז די אַזוי גערופענע „שערלאָק האָלמעס״־ליטעראַטור. די מעשיות פון דעם בעריהמטען לאָנדאָנער פּריוואַט־דעטעקטיוו, וועלכער האָט קיין מאָל נישט געלעבט און איז בלויז אַ אויסגעטראַכטע פיגור, זענען שוין איבער־געזעצט אין אַלע שפּראַכען און דאָס פאָלק, דער המון־עם, לעזט זיי מיט בעגייסטערונג.

דער מחבר פון אַט דיעזע מעשיות, אַ געוויסער ענג־לענדער אַרטהור קאָנאַן ד׳אילע, פייערט איצט זיין 50־סטען געבורטס־טאָג.

אַרטהור קאָנאַן ד׳אילע איז געבוירען אים יאָהר 1859 אין דער שאָטלענדישען הויפּטשטאָדט עדינבורג. ער האָט שטודירט מעדיצין און נאָך בעענדיגונג פון דעם שטודיום אונטערנומען ער רייזען אין אַפריקא און צום נאָרד־פּאָל. שפּעטער פּלוצים ער זיין גליק אַלס שריפט־שטעלער און זעהענדיג, ווי זיינע ערשטע געשיכטע איבער די וואונדערבאַרע העלדענטהאַטען פונ׳ם דעטעקטיוו שער־לאָק־האָלמעס געפונען אַזאַ שטאַרקען אנקלאַנג ביים פּובליקום, ווידמעט ער זיך אים גאַנצען דיעזער ליטעראַ־טור, וועלכע פּערפלייצט די גאַנצע וועלט מיט דיעזע מעשיות.

ער איז נישט געבליעבען איינער אליין אויף דעם פעלד. אַנדערע האָבען איהם נאַכגעטהון; עס זענען ענט־שטאַנען די ערצעהלונגען איבער נאַט פּינקערטהאָן, עטהעל קינג, זשאַק טעקסאַס, בופאַלא ביל, מאַקס שפּיצקאָפּף א. ז. וו. און אַלע געפינען אַ דאַנקבאַר און בעגייסטערט לעזער־פּובליקום. אָבער דער פּאָפּולערסטע פון אַלע איז דאָך „שערלאָק־האָלמעס״. וואָס נאָך איהם ווערד איצט דיעזער גאַנצער סאָרט ליטעראַטור גערופען.

קאָנאַן ד׳אָילע, וואָס זיין בילד בּרענגען מיר אין היינטיגער נומער, קען מיט זיין שרייבען צופריעדען זיין. עס בּרענגט איהם איין אַ היפּש ביסעל געלד און ביי דעם המון־עם איז ער איינער פון די פּאָפּולערסטע שריפט־שטעלער.

# יוליאוס ליפּערט.

אין פּראַג האָט דער בעריהמטער געלעהרטער און פּאָליטיקער יוליאוס ליפּערט געפייערט זיין 70־סטען געבורטסטאַג.

דער יובילאַר איז בעקאַנט אין דער גאַנצער וועלט דורך זיינע בעריהמטע קולטור־היסטאָרישע ביכער, דאַרונטער איז דאָס וויכטיגסטע איבער „די ענטוויקלונג פונ׳ם מענ־שענגעשלעכט״. וועלכעס איז איבערגעזעצט געוואָרען אין פיעל שפּראַכען, אויך אין העברעאיש דורך דוד פרישמאַן („תולדות השלמת האדם״, פערלאַג „אחיאסף״).

אויך אַלס פּאָליטיקער האָט ליפּערט אַ צייט לאַנג געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין בעהמען. ער איז געוועזען מיטגליעד פון רייכסראַטה און לאַנדטאַג. עטליכע יאָהר איז ער געוועזען לאַנדמאַרשאַל־שטעלפערטרעטער פונ׳ם בעהמישען לאַנדטאַג.

דער יובילאַר, וואָס זיין בילד ברענגען מיר אין דער היינטיגער נומער, איז נאָך פאָלקומען געזונד און אַרבייטעט ווייטער אַלס געלעהרטער מיט יונגענדליכער פרישקייט און לעבענדיגקייט.

# בריעפקאַסטען.

א. ג. וויעלכי־אָושי: פער נאַכנאַהמע צאַהלט זיך נישט אויס צו שיקען אויף אַזאַ קליינעם בעטראַג. שיקט אריין דאָס געלד, וועט איהר עס תיכף בעקומען.

בן־נחום: איהר קענט אַבאָניערען דירעקט פון קראַקאַ לויט די פּרייזען וואָס זענען בעשטימט פאַר אייער לאַנד. איהר וועט דאָס בלאַט בעקומען דירעקט צוגעשיקט.

משה פ. לעמבערג: איהר קענט אַריינשיקען אייערע זאַכען, אויב זיי וועלען אונז געפעלען, וועלען מיר זיי דרוקען.

צו מעהרערע: אויב איהר וועט איצט אַבאָנירען דאָס בלאַט אויף אַ גאַנץ יאָהר, וועט איהר בעקומען די פּרעמיע, דאָס לאָז און די בּיזהעריגע פאָרטזעצונגען.

ה. נאַנאַנדריצקי, לאָדז: אייערע זאַכען זענען נישט שלעכט, מיר דרוקען אָבער נישט קיין גערינכטע.

להשואל: אייער אַבאָנעמענט האָט זיך געענדיגט מיט נו׳ 13. איהר האָט נאָך בעקומען די נו׳ 14. וואָס ווילט איהר נאָך מעהר. אויף קרעדיט קען מען אַ צייטונג נישט געבען.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera